# שול־ביבליאטעק

№ 8

א. רייזען

# דער בוים.
# די פאבריק.
# אויף די הויכע בערג.

פארלאג
„קולטור־ליגע"
ווארשע.

60.5

# דער בוים.

עס איז געווען אַ לאַנגע גאַס, אין דעם ייִדישן קליין שטעטל האָט די גאַס זיך גערעכנט פאַר דער לענגסטער. זי האָט פאַרמאָגט פערציק הייזלעך, אויסער דער חורבה, אין וועלכער קיינער האָט שוין זייט צען יאָר ניט געוווינט. די איינוווינער פון דער גאַס זיינען געווען דורכויס ייִדן, דער איינציקער גוי, וואָס איז געווען אין גאַס, איז אויך געווען אַ האַלבער ייִד: גערעדט ייִדיש, געהאַלטן פון אַ סך ייִדישע מנהגים און האָט געוווינט אין אַ ייִדיש שטיבל, וווּ ביי דער טיר איז געווען צוגעשלאָגן אַ מזוזה אַזוי, אַז די ייִדישע אָרעמע לייט, גייענדיק איבער די הייזער, פלעגן זיין שטיבל אויך ניט דורכלאָזן און פלעגן אַמאָל כאַפּן ביי אים— ניט אין אַ יקרות-יאָר — אַ צוויי-דריי קאַרטאָפל...

די דאָזיקע גאַס האָט געהאַט צוויי ברונעמס, איינער מיט אַן „אָצאָפּ" און דער צווייטער מיט אַ ראָד. אויך האָט די גאַס געהאַט אַן עירוב, צוויי גריבער, וווּ די קינדער פלעגן זיך אין זאַמד שפּילן, און צוויי גאַנץ טיפלעכע רינשטאָקן ביי די זייטן פון דער גאַס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די לאַנגע גאַס, וואָס איז געווען באַזעצט מיט ייִדן, איז ניט געווען איינגעטונקט אין ביימער.

די ייִדן, וואָס האָבן אַלע גוט לערנען געקענט, האָבן געוווּסט, אַז אַמאָל, אין ארץ־ישראל, איז יעדער ייִד געזעסן אונטער זיין ווייַנשטאָק און פֿייגנבוים. אויך האָבן זיי געוווּסט פֿון די צעדערביימער אין וואַלד לבנון און פֿון נאָך אַנדערע ביימער, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין פּסוק... דאָ אָבער, אין חוץ־לארץ, האָבן זיי ווייניק געוווּסט פֿון ביימער, ניט קלאָר פֿאַר־שטאַנען, ווי אַזוי וואַקסט עס אויס אַ בוים. צווישן די חדר־ייִנגלעך נאָר איז אומגעגאַנגען אַ סוד, אַז אויב מען זאָל פֿאַר־זייען די קערנדלעך פֿון אַן עפּל אין דער ערד, קאָן אין אַ צייט אַרום אויסוואַקסן אַ בוים, נאָר עס איז מער ניט גע־ווען ווי אַ קלער, קיין אמתע אמונה האָבן די חדר־ייִנגלעך דערין ניט געהאַט און האָבן זיך אַפילו געפֿוילט צו מאַכן אַ פּרוּוו צו איינצוזייען אַזעלכע קערנדלעך.

און די לאַנגע גאַס האָט טאַקע אַן איינציקן בוים געהאַט, און יעדערן איז געווען אַ וווּנדער ווי אַזוי קומט דער בוים אַהער.

דער בעל־הבית פֿון דעם בוים, חיים־יענקל דער שניידער, האָט אויך ניט קלאָר געוווּסט, ווער האָט דעם בוים פֿאַר־פֿלאַנצט, און ווי אַזוי ער איז אויסגעוואַקסן. זיין טאַטע האָט עס געוויס ניט געטאָן, ווייל אַז חיים־יענקל איז נאָך אַ ייִנגל געווען, איז שוין דער בוים געווען אַזוי גרויס און דיק, ווי איצטער. חיים־יענקלס „נחלה" איז אים איבערגעגאַנגען בירושה אַוודאי פֿון אַ זעקסטן דור, אפשר האָט די נחלה אַמאָל גע־הערט צו אַ גוי און דער גוי האָט אים פֿאַרפֿלאַנצט?

נאָר, ווי די מעשה זאָל ניט זיין, אַזוי צי אַנדערש, די „לאַנגע" גאַס האָט געהאַט אַ בוים, און דער בוים איז געווען חיים־יענקל דעם שניידערס. געוואַקסן האָט דער בוים נעבן שטיבל, האַרט ביים פֿענסטער, וואָס האָט צו דער גאַס אַרויס־

געקוקט, און חיים־יענקל פלעגט בשעת נייען קאָנען קוקן אויף זיין בוים, וועלכן ער האָט ליבער געהאַט ווי אַלץ אין דער וועלט.

אין האַרבסט, ווען דער ווינט פלעגט בלאָזן, פלעגן דע־מאָלט די צווייגן זיך שאָקלען און רוישן טרויעריק אין פענ־סטער אַריין, ווי זיי וואָלטן וועלן עפּעס אַן אומעטיקע לאַנג־באָגנדיקע מעשה חיים־יענקלען דערציילן, און דעמאָלט פלעגט חיים־יענקל אומעטיק ווערן, די נאָדל פלעגט ווי וועלן אַרויס־שפּרינגען פון די פינגער, ביז ער פלעגט זי אינגאַנצן פון האַנט אַרויסלאָזן, אָנלענען זיך צום פענסטער און פאַרטראַכ־טערהייט אונטערברומען מיט אַ האַלב־צעבראָכענעם קול:

„אָז בהלך ירמיהו
על קברי אָבות”...

און אין שטיבל פלעגן זיך דעמאָלט הערן ווי שטילע טריט פון מתים...

זומער אָבער, פלעגט דער בוים מער רושם מאַכן אויף חיים־יענקלען: „מלאכה” איז געוועט ווייניק, צייט צו פאַנטאַ־זירן מער, און ער פלעגט אין דער ליידיקער צייט ליגן אונ־טערן בוים. די צווייגן פלעגן שטיל, פאַרזיכטיק רוישן, אַ פויגל פלעגט זיך אַמאָל פאַרגנבענען אויף זיי און טשיריקען, און חיים־יענקל פלעגט דעמאָלט צומאַכן די אויגן און קלערן און טראַכטן פון עפּעס העכערס, ווי שער און אייזן...

אין זומערדיקע שבתים, אַז עס פלעגט הייס זיין, פלעגן אַמאָל קומען נאָענטע שכנים אויסרוען אונטערן בוים נאָכן טשאָלנט.

דעמאָלט פלעגט חיים־יענקל האָבן גרויס כבוד. עס פלעגט אויך קומען טוביה דער גמרא־מלמד, אַ הויכער דאַרער ייִד מיט איינגעפאַלענע באַקן. טוביה פלעגט רעדן זייער שטיל,

בנעימותדיק און חיים-יענקל האָט אים זייער געשעצט.

— וועלן מיר אַ ביסעלע אָפּרוען אונטער אייער בוים, ר׳ חיים-יעקב! — פלעגט טוביה שטיל אַרויסרעדן, אויסצינענדיק זיך מיט אַ מידן שמייכל אונטערן בוים און ניט קוקן חיים-יענקלען אין פּנים בשעתן רעדן.

— אָך, מיטן גרעסטן כּבוד, ר׳ טוביה! — פלעגט חיים-יענקל כמעט ווי אויסשרייען, — מיטן גרעסטן כּבוד! רוט אייך אָפּ, מהיכי-תּיתי!

— כּי האָדם עץ השדה, — פלעגט טוביה אַריינקומען אין אַ שטימונג, ליגנדיק אונטערן בוים — אַ בוים, ר׳ חיים-יענקל, איז געגליכן צו אַ מענטשן.

און חיים-יענקל פלעגט אויפהויבן די אויגן, באַטראַכטן די צווייגן פון בוים, דעם שטאַם, ווי ער וואָלט געזוכט אַן ענלעכקייט צווישן אַ מענטש מיט אַ בוים. קיין גרויסע ענלעכקייט פלעגט ער ניט געפינען. דאָך פלעגט ער ענטפערן:

— אודאי, וואָס דען ר׳ טוביה?

— אַ בוים לעבט אָבער לענגער, ווי אַ מענטש! — פלעגט ר׳ טוביה באַלד סותר זיין זיינע ווערטער און פלעגט זיך פאַנאַנדערהוסטן. געהוסט האָט ר׳ טוביה לאַנג און שווער. און יעדער הוסט האָט חיים-יענקלען אָפּגעקלונגען ווי אַ שטימע, וואָס רעדט:

— דער בוים וועט אונז אַלעמען איבערלעבן...

אויך פלעגט קומען אָפּרוען אונטערן בוים זרח ברייגעס, דער „נגיד״ פון גאַס. נייען בגדים פלעגט זרח ביי אַ צווייטן שניידער, נאָר חיים-יענקל פלעגט זיך ניט נוקם זיין אין אים, זיך ניט באַניצט מיט זיין שטאַרקייט, וואָס ער קאָן אים פון זיין בוים אַוועקטרייבן; אדרבא, ער פלעגט אים זיי-

ער שיין צונעמען, ווי ער וואָלט וועלן דעם נגיד באַווייזן, אַז ער באַשטייט ניט אָן זיין מלאכה...

— אַ ווילער בוים — פלעגט ר׳ זרח לויבן, באַטראַכטנ־דיק דעם שטאַם — אַזאַ בוים, מע זאָל צעהאַקן, קאָן קלעקן אויף אַ ווינטער הייצן... מיר איז אַ חידוש, וואָס דו צעהאַקסט אים ניט, חיים־יענקל?...

חיים־יענקל פלעגט ווערן אָנגעצונדן פון אַזאַ פּאָר־לייגונג: „אַ חזיר" וואָלט אַלץ וועלן אויפעסן! — פלעגט ער אין הארצן טראַכטן, נאָר ר׳ זרחן פלעגט ער ענטפערן איידעלער:

— מע טאָר ניט האַקן, ר׳ זרח! מע טאָר נישט! עס איז אַפילו אַ זינד צו זאָגן אַזוינס. אַ בוים, זאָגט ר׳ טוביה, איז ווי אַ מענטש...

— כי האדם עץ השדה! — פלעגט טוביה אונטערזאָגן ווי פון שלאָף.

— עט, נאַרעשקייטן, עס איז נאָר אַ משל!... — פלעגט דער „נגיד" אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט... נו, מע דאַרף אַ דרעמל טאָן, וועסט מיך „אַ וועק" טאָן אַזייגער דריי, וועל איך מיר גיין טרינקען אַ גלעזל „וואַרעמס"...

———————

איין חסרון האָט אָבער דער בוים געהאַט: עס האָט אויף אים „פירות" געוואַקסן, און דאָס האָט אים און חיים־יענקלען געשאַדט.

וואָלטן כאָטש די „פירות" געווען געראָטענע, וואָלט דאָס אומגליק, אפשר, ניט אַזוי גרויס געווען. חיים־יענקל וואָלט זיך מרבה הוצאה געווען און וואָלט געזען, אַז דער בוים זאָל ניט שטיין אין אַ „רשות־הרבים", ער וואָלט אים אַרומגעצוימט, צי ער וואָלט אים פאַרדינגען זעליק דעם

„סאַדאָווניק" און יענער וואָלט זיך שוין אַן עצה געגעבן, ווי אַזוי צו פאַרהיטן אים פון שלעכטע הענט.

האָבן אָבער אויפן בוים געוואַקסן נאָר ווילדע עפּעלעך. עסן האָט מען זיי געקאָנט ערשט שפּעט אין ווינטער, ווען זיי ווערן, ליגנדיק אויפן בוידעם, שטאַרק איבערגעפרוירן. אַפילו דעמאָלט איז אויך אויף שונאים געזאָגט זייער טעם, וואָס זיי האָבן. די גאַנצע מעלה פון די עפּעלעך, וואָס זיי זיינען אַ רפואה צו „טשאַד", און פריידע, חיים־יענקלס ווייב, פלעגט טאַקע מיט די דאָזיקע עפּעלעך אָפּראַטעווען דאָס גאַנצע געזינד, ווען מע פלעגט ווינטער־צייט פון די פּרעסלעך די קעפּ פאַרטשאַדען...

די גאַסן־ייִנגלעך האָט דאָס אָבער ניט געקוקט, וואָס די עפּעלעך זיינען ווילדע. זייערע געלט זיינען זיי ווערט געוועזן... ווי עס פלעגט קומען אָנהויב אלול און די עפּעלעך פלעגן באַקומען אַ געהעריקע צורה, פלעגן זיי יעדן נאָך־מיטאָג, יעדן „בין מנחה למעריב" באַלעגערן דעם בוים, וואַרפן אויף די שפּיצן צווייגן, ווו די עפּעלעך האָבן געדיכט געוואַקסן, מיט העלצער, שטיינער, און מיט געראַנגל און געפּילדער פלעגן זיי אָנלייגן פולע קעשענעס מיט „רויב".

דערזעענדיק די מחנה קינדער ביים בוים, פלעגט חיים־יענקלען אָנהויבן ציטערן הענט און פיס, ער פלעגט ווי אַן אָפּגעבריטער אַרויסלויפן פון שטוב, אַראָפּוואַרפנדיק דאָס שטיקל־אַרבעט פון דער האַנט אויף דער ערד און פלעגט שרייען:

— שקצים, וואָס ווילט איר פון דעם בוים, איך וועל אייך ממית זיין! אַוועק'ט!!!

די גאַסן־ייִנגלעך פלעגן זיך לכתחילה דערשרעקן און מיט אַ געפּילדעריי און פייפעריי זיך לאָזן אַנטלויפן. אין אַ

ווײַלע אַרום, אַז זײ פֿלעגן באַמערקן, אַז חיים־יענקל איז צו־ריק אין שטוב אַרײַן, פֿלעגן זײ זיך ווידער צוזאַמענקומען און מיט מער פֿרישקײט זיך נעמען צום בוים...

און דעמאָלט פֿלעגט זיך אָנהויבן אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. חיים־יעקל פֿלעגט שוין אָנהויבן געברויכן „כּלי־זין" און מיט אַ שטעקן פֿלעגט ער זיך לאָזן לויפֿן, ווי אַ ווילדער טיגער, נאָך דער מחנה ייִנגלעך; די ייִנגלעך פֿלעגן מיט אַ גע־לעכטער און הוראַ זיך לאָזן אַנטלויפֿן און ווידער קומען צו־לויפֿן... אַמאָל פֿלעגט חיים־יענקלען דאָס געדולד פּלאַצן און ער פֿלעגט זיך לאָזן לויפֿן ווײַט, ווײַט נאָך די ייִנגלעך. דע־מאָלט פֿלעגט ווערן אין גאַס אַ טומל; ייִדן מיט בערד, ווײַ־בער און קינדער פֿלעגן אַרויסלויפֿן פֿון די הײַזלעך, און דערשראָקענערהײט אײנער דעם אַנדערן פֿרעגן:

— וואָס איז דאָ? האַ?

באַלד אָבער הויבט אָן אײנער דעם אַנדערן באַ־רויִקן:

— גאָרניט, גאָרניט, חיים־יענקל דער שנײדערוק יאָגט זיך נאָך די ייִנגלעך... אַ שנײדורע אַ ביסל! פֿרעג, וואָס זשאַלעוועט ער זײ די עפּלעך? מער ווי בויכווײטאָק האָט מען פֿון זײ ניט!

דערהערנדיק אַזאַ מיאוסע מײנונג וועגן זײַנע עפּלעך, ווערט חיים־יענקל נאָך מער צערײצט און פּאַר כּעס כאַפּט ער אַ ייִנגל און גיט אים אַ קלאַפּ.

— אוי, אוי! – צעווײנט זיך דאָס ייִנגל הויך – פֿאַר וואָס שלאָגט ער מיך? איך האָב גאָר ניט געריסן...

— בתיה! מע האָט אײער ייִנגל געהרגעט — זאָגט אָן אַ שכנה פֿאַר גוטפֿרײַנטשאַפֿט וועגן דעם ייִנגלס מוטער.

— זאָל אײך אַ דונער אײַנשלאָגן! — נעמט זיך די מוטער

אָן פאַר איר קינד—וואָס שלאָגט איר עפּעס מיין קינד? איר גיט אים עסן? העז-אַביסל! ער האָט אַ שטיקל בוים מיט סם-המותדיקע עפּעלעך, קאָכט די גאַס!...

און אויף חיים-יענקלען פאַלט אָן די גאַנצע גאַס און יעדער זידלט אים און מאַכט אים גלייך מיט דער בלאָטע. געזעצטע בעלי-בתּים זאָגן אָבער אים נאָר ווייכן מוסר:

— זאָגט אַליין, ווי שעמט זיך דאָס ניט אַ ייִד מיט אַ באָרד צו האָבן אין זינען אַזעלכע נאַרישקייטן: בוים, שמוים! דאָס פּאַסט פאַר אַ גוי, ניט פאַר אַ יידן... קינדער, זיי רייסן, זאָלן זיי רייסן! עס האָט עפּעס אַוועדרע די עפּעלעך? פּע, חלשות!

מיך אַרט ניט די עפּעלעך,—ענטפערט חיים-יענקל ווי מיט אַ וויינענדיקן קול,—דעם בוים קאַלעטשען זיי מיר, די צווייגן צעברעכן זיי...

— צווייגן, שמייגן! — הויבן אָן געזעצטע בעלי-בתּים ווידער צו מוסרן,—נו, זאָגט אַליין, זיינט איר ניט ערגער פון די קינדער? אַ געשעפט האָט איר! אָט גייט אהיים און נעמט זיך צו דער אַרבעט! פּע, חלשות! אַ ייד מיט אַ באָרד!...

און חיים-יענקל פילט זיך נאָך אַזאַ מוסר, ווי אַ קינד נאָך אַן אָפּגעטאָנענער נאַרישקייט. ער טוט אַ קוק פאַרשעמט אויפן „מוסר-זאָגער", דערנאָך אויף דער אייגענער באָרד, טוט נאַריש אַ שמייכל און לאָזט זיך צוריק אַ היים גיין.

צוקומענדיק נאָך אַזאַ מעשה צום שטיבל, שטעלט זיך חיים-יענקל ביים בוים. אויף דער ערד נעבן בוים וואַלגערן זיך שטיקלעך אָפּגעבראָכענע צווייגלעך, אין דער הויך אויפן שפּיץ-בוים הענגען אַ פּאָר צווייגן איבערגעבראָכענע און זעען אוים ווי הרוגים. חיים-יענקל קוקט אויף די צעבראָכענע צווייגעלעך, אויף דער ערד, אויפן בוים, קוקט, זיפצט און מיט אַ געקלעמט האַרץ גייט ער אריין אין שטוב...

אַזוי פֿלעגט יעדער אלול ביז אַ שטיק אין האַרבסט רוישן די גאַס, און דער איינציקער בוים האָט אַ סך לעבן אין גאַס געבראַכט...

---

עס זיינען אַזוי איבערגעלאָפן אַ צענדליק יאָרן.

און די צען יאָר האָבן אַ פּאָר סימנים געלאָזן אין דער גאַס: די חורבה איז צעלייגט געוואָרן, לויטן באַפעל פון אַ נייעם פּריסטאַוו, וואָס האָט געזאָגט, אַז אַזוינע חורבות טאָרן „פּאָ זאַקאָנו" ניט שטיין; טוביה דער גמרא־מלמד האָט זיך איינמאָל שטאַרק פאַנאַנדערגעהוסט, ניט געקאָנט כאַפּן דעם אָטעם און איז אַוועקגעשטאָרבן; זרח דער נגיד איז אַן אָרעמאַן געוואָרן.

און דער בוים אין גאַס איז נאָך אַלץ געשטאַנען, און אין האַרבסט, ווען דער ווינט פֿלעגט בלאָזן און די צווייגן פֿלעגן טרויעריק רוישן, פֿלעגט חיים־יענקל אַלץ אונטערברומען דעם זעלבן ניגון מיט די זעלבע ווערטער פון „קינות":

„אז בהלוך ירמיהו

על קברי אבות"...

זומער אין אַ ליידיקער צייט פֿלעגט ער נאָך אַלץ ליגן אונטערן בוים און טראַכטן וועגן עפּעס העכערס פון שער און אייזן... אלול־צייט פֿלעגט ער האָבן צו טאָן מיט די חדר־יינגלעך, וואָס פֿלעגן קומען באַלעגערן דעם בוים, און די גאַס פֿלעגט אַלץ רוישן און קאָכן: עפּעלעך, בוים, חיים־יענקל!...

---

עס זיינען אַוועק נאָך עטלעכע

חיים־יענקל איז שוין ווייס געוואָרן און דער בוים איז נאָך אַלץ געשטאַנען...

דער בוים איז שוין אָבער אויך ניט דער זעלבער געווען.

— עפּעס ווייס איך ניט וואָס מיטן בוים איז געוואָרן! — פלעגט זיך חיים־יענקל וועלן אַמאָל אויסרעדן דאָס האַרץ פאַר עמעצן.—עפּעס איז ער ווי איינגעבויגענער געוואָרן, שי־טערער די צווייגן און איז גאָר ניט דער, וואָס אַמאָל. נאָר קיינער פלעגט אים נישט ענטפערן:

— אַ נאַרישער שניידער! האָט אַלץ אַן עסק מיטן בוים...

און חיים־יענקל האָט מיט זיינע מאַטע אויגן, מיט אַ געקלעמט האַרץ געקוקט, ווי דער איינציקער בוים אין גאַס שטאַרבט אָפּ צוזאמען מיט אים...

— די קינדער האָבן אים אַוועקגעהרגעט — פלעגט ער וויינען אין דער שטיל—דער בוים דאַרט, ער שטאַרבט אָפּ...

און חיים־יענקל האָט זיך דערמאָנט אין טוביה עליו־השלומס ווערטער: כי האדם עץ השדה...

— אַ למדן אַ ייִד געווען, אַ שאָד, וואָס ער איז גע־שטאָרבן...—פלעגט חיים־יענקל זיפצן אין אַזוינע מינוטן, פלעגט זיך אָנלענען אין פענסטער און צוהערן זיך, ווי דער בוים רוישט קוים מיט זיינע עטלעכע איבערגעבליבענע צווייגן...



# די פֿאַבּריק.

אַמאָל בּין איך אַ קליין ייִנגעלע געווען און מיין וועלט איז געווען דאָס קליינע שטעטעלע מיט די זעקס קליינע שמאָלע געסלעך, וואָס האָבּן זיך געצויגן, ווי שוואַרצע סטענגעס, מיט דעם טייכעלע, הינטער אַ קליין שמאָל געסעלע...

פֿלעגט זיך אַמאָל טרעפֿן, אַז לויפֿנדיק אַזוי צום טייכעלע, פֿלעגט עמעצנס אַ טאַטע אונז בּאַגעגענען און אונז אַ רוף טאָן מיט אַ בּייזער: וואוהין? פֿלעגן מיר זיך מאַכן ווי כּאילו לא ידע און פֿלעגן זיך ניט אָפּשטעלן. אַי וואָס? שפּעטער וועט מען שמייסן? מילא! וואָס נאָכדעם וועט זיין האָבּן מיר ניט געזאָרגט.

———

ס'איז ווינטער. מיר ייִנגלעך זיצן אין חדר און לערנען גמרא. דער פּרק איז אַ שווערער, צו שווער פֿאַר אונזערע קעפּלעך. דער רבּי שרייט און שעלט.

ס'עפֿנט זיך אויף די טיר און עס לויפֿט פֿריער אַריין אַ ווייסע פּאַרע אין חדר, נאָכדעם פֿאַלט אַריין בּערל דער שמיד, אַ חדר-ייִנגלס אַ טאַטע. ער קומט געוואָר ווערן, וואָס מאַכט זיין יאָסקע, און גלאַט אַ בּיסל שמועסן מיט אַ ייִדן אַ „תּלמיד-חכם"—מיטן רבּין.

— שלום-עליכם, רבּי! — זיט דער שמיד אויס דעם רבּין זיין גראָבּע פֿאַרהאָרעוועטע האַנט.

— עליכם־שלום! — ענטפערט דער בייזער רבי און סטאַ־רעט זיך צו שמייכלען, נאָר דאָס קומט אים זייער שווער אָן.

— זיצט, ר׳ בער! — נו, שקצים, — ווענדעט זיך דער רבי צו אונז, — זיצט רויִק אַ ווײַלע, קוקט איבער דעם „תּוספות" דערווייל און איך וועל אַ ביסל שמועסן מיט ר׳ בערן.

מיר קוקן זיך אַלע איין אין דער גרויסער גמרא, נאָר אונזערע אויערן זיינען אָנגעשטרענגט צו הערן עפּעס נייס, וואָס בער דער שמיד האָט געבראַכט, ווייל בער דער שמיד ברענגט שטענדיק אַ סך נייס, ווען ער קומט.

— אַ וועלטעלע געוואָרן, אַ גרויל, אַ גרויל! — הויבט אָן דער שמיד.

— דהיינו, ר׳ בער? — ווערט נייגעריק דער רבי און שטעלט אָן די אויערן צו הערן עפּעס אינטערעסאַנטס.

— אַ גרויל, אַ גרויל! — האַלט זיך אַלץ דער שמיד ביי וווּנדערן — נו, אַ וועלטעלע!

— אַדרבא, זאָגט! — טרייבט דער רבי.

— אַ גרויל, אַ גרויל!

מיר קוקן אין תּוספות און וואַרטן מיט דער גרעסטער אומגעדולד אויפן „גרויל", וואָס ר׳ בער דער שמיד וועט מסתמא, באַלד דייטלעכער דערקלערן.

— אַ קליין שטעטעלע — הויבט אָן דער שמיד, — מ׳שטיינס געזאָגט, זעקס געסלעך מיט אַ מאַרק, די גוייִשע געסלעך איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעכענען, איר פאַרשטייט?... און איִן אַזאַ שטעטעלע מאַכט מען גאָר אַ פאַבריק... אַ פאַבריק! אַ גרויל!

— אַ פאַבריק! — גיב איך אַ קלאַפּ אַ חבר מיטן פוס...

— אין תּוספות קוק! — גיט אַ געשריי דער רבי.

— אַזוי גאָר! — ווענדעט זיך דער רבי צום שמיד, — אַ פאַבריק דאָ אין שטעטל; צי משוגע?

— אַ פאַבריק פון שוועבעלעך.

— פון שוועבעלעך! — גיב איך ווידער אַ קלאַפּ אַ חבר מיטן פוס.

— דו קוקסט אין תוספות, צי ניט, גראָבער יונג דו — שרייט אויס דער רבי נאָך העכער און נעמט מיך אָן פאַרן אויער און דרייט אַ „שלשלת"...

— אַזוי גאָר פון שוועבעלעך! וואָס איך הער!—וווּנדערט זיך דער רבי און גלאָצט אויס די אויגן.

— יאָ, יאָ, ביי אונז אין שטעטעלע שטעלט מען אַ פאַבריק פון שוועבעלעך.

— משוגע, פשוט משוגע—לאַכט דער רבי—וויפיל שוועבעלעך דאַרף האָבן אונזער שטעטל? לאָמיר אַפילו רעכענען אַ מאה פעקלעך אַ וואָך... לוינט דאָס דען?... פשוט משוגע...

— רעכנט אייך,—גיט דער שמיד קאַלטבלוטיק צו פאַרשטיין—אַז אַ פאַבריק מאַכט זיך ניט נאָר פאַר אַ שטעטל אַליין. די שוועבעלעך קאָנען אָנגיין אומעטום אין דער גאַנצער וועלט... איר פאַרשטייט... למשל, באָריסאָווער שוועבעלעך! באָריסאָווער שוועבעלעך זיינען אַ שם-דבר. מען מאַכט דאָרט גאָלדענע געשעפטן.

— ווער מאַכט די פאַבריק?—פרעגט דער רבי.

— עפּעס אַ גרויסער גביר פון מינסק; האָט אַ מטמון מיט גאָלד און זוכט געשעפט.

— און ווו מאַכט ער די פאַבריק?—פרעגט דער רבי ווייטער.

— אַן אָרט האָט ער אַ גאָלדענעם, ביים טייכל, אַ זעלטענער פלאַץ.

— ביים טייכל!—רייסט זיך אַרויס ביי אונז חדר-ייִנגלעך, ווי אין איין קול, אַ געשריי און מיר קוקן זיך אַלע איבער.

— אין „תוספות” קוקט!—שרייט דער רבי,—פּויערים, ליידאַקעס.

— ביים טייכל! — קלאַפּ איך מיין חבר אונטערן טיש מיטן פוס, און מיין האַרץ ווערט איבערפולט מיט עפּעס מאָד־נע געפילן, און פאַר מיינע אויגן מאָלן זיך פאַנטאַסטישע בילדער, און איך וויל פאַלן צו די פיס בערן דעם שמיד און וויינען פאַר אים און בעטן אים תחנונים:

— רב בער, האָט רחמנות, זאָגט מיר דעם אמת, טאַקע ביים טייכל מאַכט מען די פאַבריק?... טאַקע ביים טייכל?... און מיר גלויבט זיך דאָס גליק ניט...

---

נאָך פּסח איז די פאַבריק פאַרטיק געוואָרן. מיר, חדר־יינגלעך זיינען געקומען צולויפן אָנקוקן זי. איר אויסזען האָט אונז געשראָקן. די הויכע קוימענס האָבן פונדערווייטנס אַזוי בייז געקוקט און האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן וועלן חרוב מאַכן דאָס גאַנצע שטיק פעלד, וואָס געפינט זיך אַרום.

— אַ, סאַרע הויכע קוימענס!—האָט יאָסקע, אַ חדר־יינגל, פון ווייטן אָנגעוויזן.

— ווי עס הודזעט! — האָט אַ צווייטער יינגל ווי מיט שרעק אַרויסגעזאָגט.

— קומט נענטער, וואָס האָבן מיר מורא? — האָט זיך איינער געמוטיקט.

— טאַקע, וואָס האָבן מיר מורא?—האָבן מיר זיך אַלע געפּאַסט מוט—קומט זען.

מיר זיינען צוגעגאַנגען נענטער און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביים טייכל. דאָס וואַסערל האָט שטיל און טרויעריק געררושט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס וויינט... עס האָט מיר זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס

טייכעלע האָט מורא פאַר דער גרויסער פאַבריק...

און ניט נאָר אויף מיר אַליין האָט דאָס טייכעלע אַזאַ איינדרוק געמאַכט. אַלע חדר-ייִנגלעך האָבן אָנשטאָט צו קוקן אויף דער פאַבריק, זיך אין וואַסער איינגעקוקט און האָבן עפּעס ווי געזיפּצט.

— מוטנע וואַסער געוואָרן!

— טאַקע!—האָט אַ צווייטער טרזיערריק מודה געווען.

— דאָס איז פון רויך פון די קוימענס...

— אַ רחמנות אויפן טייכעלע,—האָט אַ ייִנגעלע כּלומרשט לאַכנדיק געזאָגט.

— משוגענער! — האָבן מיר פון אים אָנגעהויבן צו לאַכן, די הערצעלעך אָבער אינעווייניק האָבן אונז געקלעמט און עס האָט זיך וויינען געוואָלט...

---

„ספירה” האָט זיך געענדיקט, עס איז געווען אַ הייסער טאָג, און לערנענדיק מיטן בייזן רבין, האָבן מיר אַ גאַנצן טאָג אין זינען געהאַט גיין פאַרנאַכט, אַריינוואַרפן זיך אין אונזער ליב טייכעלע.

און מיט אומגעדולד האָבן מיר געקוקט בגנבה אין פענס-טער, צו זען, ווו האַלט שוין דער שאָטן פון די הייזער, ווען וועט שוין די זון אויף אונז רחמנות האָבן און וועט זיך איבערפּעקלען ערגעץ ווייט הינטער די הייזער, כּדי דער רבי זאָל אונז שוין לאָזן פריי...

און אָט איז שוין די גאַנצע גאַס „שאָטן” געוואָרן, דער פּאַסטוך האָט שוין די טשערעדע געטריבן און דער רבי האָט אונז פריי געלאָזט.

— באָדן זיך! — האָבן מיר אין איין קול אויסגעשריגן און זיך געלאָזט אַראָפּ פון געסל צום טייכל.

— הערסט, ווי עס פייפט! — האָט גייענדיק איין חבר, ווי באַזאָרגט, אויסגערופן, צוהערנדיק זיך, ווי פון ווייטן פייפט די פאַבריק.

— זאָל פייפן! וועט זיין פרייליכער זיך צו באָדן, — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— טאַקע, — האָבן מיר מיטגעשטימט, ווי מיר וואָלטן זיך וועלן אַליין אָפּנאַרן.

נאָר, וואָס נענטער מיר זיינען געקומען צום טייכל, אַלץ מער האָבן מיר זיך געשראָקן, עפּעס האָט אונז דאָס האַרץ פאָרגעזאָגט טרויעריקס...

איך האָב זיך געלאָזן לויפן אַלץ שטאַרקער און שטאַר־קער, ווי איך וואָלט וועלן דערמיט צוגעבן מוט מיינע חברים, נאָר קומענדיק נאָנט צום טייכל, בין איך געבליבן שטיין, ווי אַ פאַרגליווערטער.

— ניטאָ, ברידער, קיין טייכל! צוריק! — האָב איך ווי מיט אַ געוויין אויסגעשריגן.

— דזז!!! — האָבן די קוימענס געפייפט.

— דזז!!!

די חדר־יינגלעך זיינען נענטער צוגעקומען, האָבן איינ־געבויגן די קעפּ אַריינצוקוקן אין טייכעלע און מיר האָבן אַלע אַ לאַנגן זיפץ, ווי נאָך אַ געשטאָרבענעם, אַרויסגעלאָזן.

— אוי!

דאָס וואַסער האָט אויסגעזען, ווי אין אַ טעלער פאַרבליבענע קאַלט־געקעכטס, פאַרגליווערט. אויפן גליווערײ זיינען געווען אָנגעוואָרפן העלצעלעך, צעבראָכענע קעסטעלעך און סתּם מיסט. און אַלץ האָט געשמעקט מיט אַ מאָדנעם שטיקנדיקן גערוּך.

מיר זיינען אַזוי געשטאַנען, ווי פאַרשטיינערט, אַ פּאָר מינוט, געקוקט מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, פּלוצים

האָבן מיר דערהערט עפּעס אַ גראָבּ קול. רעדט צו אונז:
— וואָס טוט איר דאָ? האַ?

מיר האָבן זיך אומגעקוקט און האָבן דערזען אַ הויכן גראָבּ־בייכיקן ייִדן, מיט אַ פּליך אויפן קאָפּ: ער שטייט און קוקט אויף אונז און שמייכלט; מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— וואָס טוט איר דאָ? האַ? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— באָדן זיך ווילן מיר! — האָט זיך ביי מיר עפּעס ניט ווילנדיק אַרויסגעריסן פון מויל.

— כאַ—כאַ—כאַ! באָדן זיך! — האָט זיך דער הויכער בייכיקער ייִד פאַנאַנדערגעלאַכט, — נו, גיכער טוט זיך אויס! כאַ—כאַ—כאַ!

— אַמאָל פלעגן מיר זיך באָדן, — האָט אַ צווייט ייִנגל, ווי דורך טרערן אַרויסגעזאָגט, — אַמאָל איז געווען ריינע וואַסער...

— אַמאָל! אַמאָל! — האָט דער הויכער בייכיקער ייִד זיך פריילעך געמאַכט מיט אונז — אַמאָל איז אויך אַ קונץ געווען צו באָדן זיך, באָדט זיך איצטער... כאַ—כאַ—כאַ! אָט איצטער באָדט זיך!... כאַ—כאַ—כאַ!...

זיין לאַכן האָט אונז ווילד גערייצט. און איינער פון אונז, בלאַס ווי דער טויט, האָט אַ געשריי געטאָן:

— אַ בראַנד אין אייער פאַבריק!...

און האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— כאַ—כאַ—כאַ! — האָט זיך דער בייכיקער דיקער ייִד פאַנאַנדערגעלאַכט, — אַהיים, שקצים!

גייענדיק צוריק אַהיים, האָט מיר געקלונגען אין די אויערן דעם ייִדנס געלעכטער, דער „דזז!...” פון די קוימענס, און דאָס אַלץ האָט זיך מיר געלייגט, ווי שוועבל אויף מיין האַרץ.

— אַ בראַנד אין דער פאַבריק! — האָט דאָס ייִנגל דעם גאַנצן וועג געשאָלטן.

— דערשטיקט האָט זי דאָס טייכעלע! — האָט אַ צווייטער געזיפצט...

און לאַנג האָבן מיר דאָס טייכעלע באַוויינט און נאָך לענגער די פאַבריק געשאָלטן...



# אויף די הויכע בערג.

דאָס שטעטעלע איז געלעגן אין אַ טאָל; די זעקס גאַסן, דער מאַרק, דער שול־הויף, וואָס דאָס שטעטל האָט געציילט, איז מער, ווי אַ האַלב יאָר אין אַ גרויסער בלאָטע געווען איינגעטונקט. די איינוווינער פון דעם שטעטל האָבן זיך צו דער בלאָטע אַזוי צוגעוווינט, אַז זיי האָבן גאָר ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז עס קאָן אַנדערש זיין. פאַרקערט, זומער־צייט, אין די גרויסע היצן, ווען די זון פלעגט ווי עס איז די בלאָטע פאָרט בייקומען און ס'איז טרוקן געוואָרן, פלעגן זיך פילע פון שטעטעלע ווי חדושן:

— וואָס זאָגט איר, ווי ס'איז טרוקן...

לאַנג אָבער פלעגט אַפילו זומער די טריקעניש ניט אָנהאַלטן. אַ קליין רעגנדל פלעגט גענוג זיין די טאָליקע ערד פון שטעטעלע צו באַנעצן און עס זאָל צוריק בלאָטע ווערן און דאָס שטעטעלע פלעגט צוריק באַקומען זיין געהעריק פנים.

ניט ווייט פון שטעטעלע האָט זיך אַ פלאַץ געפונען, ווו עס איז שטענדיק טרוקן געווען. און ניט נאָר טרוקן, אַפילו גרין, דער פלאַץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט בערג, וועלכע האָבן געהייסן: די הויכע בערג.

אמת, די בערג זיינען ניט גאָר הויך געווען, אויף זיי

צו שטייגן האָט מען ניט געדאַרפט האָבן קיין פירער און קיין באַגלייטער. דער העכסטער פון די בערג איז געווען ווי די הויך פון אַ שטעטלשע הויז און די שטעטלשע הייזער זיינען ניט באַזונדערס הויך געווען. אָבער דאָך האָט מען די בערג גערופן די הויכע, ווייל קיין העכערע האָבן די שטעטלשע יידן טאַקע קיינמאָל ניט געזען, און עס האָט זיי עפּעס הנאה געטאָן, וואָס גאָט האָט זייער שטעטל ניט אין גאַנצן פאַרקאַרגט און האָט זיי געגעבן אַ שיינעם גרינעם פּלאַץ מיט בערג...

פון וואַנען עס האָבן זיך גענומען ביים שטעטל די בערג, האָט קיינער ניט געוווּסט.

אַ חדוש איז דאָס טאַקע געווען. די גאַנצע געגנט ווייט אַרום האָט קיין בערג ניט פאַרמאָגט. אַלטע לייט האָבן טאַקע דערציילט, אַז ס׳איז אַ סברא, אַז די בערג זיינען געמאַכטע: בשעת נאַפּאָלעאָן איז דורכגעגאַנגען דאָס שטעטל מיט זיין חיל האָט מען די דאָזיקע בערג געמאַכט, אויסגראָבנדיק אַרום די ערד, ווי דער שטייגער איז אין אַ מלחמה...

געגלויבט האָט מען אָבער דערין זייער שוואַך, און בכלל וואָס גייט וועמען אָן די געשיכטע פון די בערג. זיי זיינען דאָ איז זייער אָנגעלייגט, הלואי וואָלט דאָס שטעטל נאָך עפּעס שיינס פאַרמעגט, ווי למשל אַ טייך. אַ טייך האָט אין שטעטל געפעלט, דאָס שטעטל האָט נויטיק ווי לעבן געדאַרפט האָבן אַ טייך. די ווייבער זיינען טאַקע אויסגעריסן געוואָרן, ניט האָבנדיק ווו צו וואַשן די גרעט. נאָר אַז קיין טייך האָט זיי גאָט ניט געגעבן, זאָלן זיי האָבן כאָטש בערג, אַלץ בעסער ווי גאָרנישט...

אזוי געליבט האָבן די שטעטלשע איינוווינער זייערע בערג.

קומט דער ליבער זומער, אַ שבת נאָכמיטאָג, ייִדן למדנים גייען אַוועק אין בית־המדרש לערנען, אַלטע לייט כאַפּן אַ דרעמל אין שטוב, די בעל־מלאכות אָבער, די יונגע לייט און די קינדער—איבערהויפּט די קינדער—לאָזן זיך אַוועק צו די בערג. סאָלידע סטאַטעטשנע יונגע־לייט קריכן אויף זיי אַרויף, ציען זיך אויס אויף זיי, ווי געבאָרענע בערג־לייט, און קוקן אַראָפּ אויף דער געפּלעקטער מחנה, וואָס געפינט זיך אונטן, און פילן זיך עפּעס האָפערדיק און שטייף... מאַנכע קומט אָן דאָס אַרויפקריכן שווער און זיי קומט צו הילף אַ מער ספּריטנער; מען נעמט זיך פאַר די הענט און מען לאָזט אַ ייִדן ניט פאַלן...

די קינדער אָבער, ווי באַפרייטע פייגעלעך פון שטייגלעך, פליען אַרויף און אַראָפּ, מאַכנדיק דערביי פאַרשיידענע קונצן. די טאַטעס מיט די מאַמעס וואָרענען:

— קינדער, איר וועט זיך נהרגן. היט זיך, ווי איר פליט.

נאָר די קינדער, דערזעענדיק נאָך פון ווייטן די בערג, באַקומען אַזאַ מוט, אַז ניט נאָר אויף אַזוינע, זיי וואָלטן אפילו אַרויפגעקלעטערט אויף אַ סך העכערע בערג. און אַן אַנדער ייִנגעלע, אַ שטיקל עזות פנים, מיט צעפּלאַמטע בעקלעך שרייט חוזקדיק אויס:

—אַ טייערע זאַך! אויך מיר אַ קונץ אויף אַזוינע בערג צו פליען. איך וואָלט געקאָנט אַרויפקריכן אויף אַ באַרג ביז די וואָלקנס די הויך...

נאַטירלעך גייט נישט אַוועק אַ שבת אָן אַ פּאַסירונג. אַ מאַנכער ייִנגעלע, אַ צו שטאַרקער שטיפער, צו האַסטיק אַראָפּלאָזנדיק זיך פון באַרג, פאַלט און צעשלאָגט זיך, נאָר קיין סכנה שטעקט קיינמאָל ניט. אדרבה, דער פאַרזאַמלטער עולם אויף די בערג צעלאַכט זיך, און דאָס ייִנגעלע שטייט

אויף און נעמט זיך פליען ווידער מיט מער מוט, וועלנדיק דערמיט אויסקויפן זיין חרפה, וואָס ער איז אַראָפּגעפאַלן...

———

אין פלוג גענומען איז דאָס שטעטל זייערס, די ייִדנס, אינגאַנצן זייערס: דער בית־המדרש, דער מרחץ להבדיל, די קראָמען, די בלאָטע: אַלץ איז דאַכט זיך זייערע, איבערגעגאַנגען זיי בירושה פון אור־אור־עלטערן. און מאַנכמאָל פאַרגעסן זיי טאַקע זיך צופיל. מיינען, אַז די גאַנצע וועלט איז זייערע, אַפילו די הויכע בערג...

אַ לאַנגע צייט האָט מען די שטעטלשע ייִדן געשוויגן, וואָס זיי פאַרנעמען אַ גאַנץ שבת די בערג. פאַרוואָס האָט מען זיי אַזוי לאַנג געשוויגן, איז טאַקע אַ ווונדער. ווירקלעך, די שטעטלשע ייִדן האָבן זיך צו גוט געפילט דעם שבתדיקן טאָג אויף די בערג.

נאָר די שטעטלשע „נאַטשאַלסטוואָ” האָט שוין לאַנג געוואָרפן אַן אויג, אַז די ייִדן פאַרנעמען צופיל דעם שענסטן פלאַץ אין שטעטל. אמת, נאָר איינמאָל אין וואָך, אָבער איינמאָל אין וואָך קומט זיי דאָך אויך ניט.

און אָט האָט דער פּריסטאַוו זיך מיישב געווען און זיך געלאָזט בויען דאָרט אַ הויז...

איידער דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן האָט יעדער ייִד יעדן שבת אין דער שטיל זיך געזעגנט מיט די הויכע בערג, וויסנדיק, אַז דער פּריסטאַוו וועט דאָ וווינען וועט זיין שוין אוממעגלעך צו קומען אַ הער. מיט אַ געדריקט האַרץ האָט יעדער געקוקט אויף דער נייער געביידע, וואָס איז פון וואָך צו וואָך העכער געוואָרן און דערמיט אַלץ נידעריקער, נידעריקער געבויגן די שטעטלשע ייִדן.

אַז דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן און דער פּריסטאַוו

האָט זיך אין אים מיט זיין פמליאָ אַריינגעצויגן, איז אין שטעטל געוואָרן אַ קלער צי מעג מען נאָך שבת גיין אויף די בערג צי ניט... מאַנכע האָבן געפּסקנט, אַז דער פּריסטאַוו איז ניט קיין גזלן, ער מעג זיך דאָרט וווינען, אָבער שפּאַצירן אַרום די הויכע בערג אַ ביסל ווייטער פון זיין שטוב מעג מען; מאַנכע האָבן די זאַך מחמיר געווען און האָבן געזאָגט, אַז עס פּאַסט ניט...

נאָר סיי-ווי-סיי איז דאָס מיישב זיין זיך אומזיסט געווען. אַ מחנה יינגלעך, וועלכע האָבן זיך דעם ערשטען שבת, מאַכנדיק זיך כאילו לא ידע פון דעם פּריסטאַוו, געלאָזן מיט דער אַלטער פרייַלעכקייט צו די הויכע בערג, זיינען נעבעך באַלד געקומען צו פליען צוריק מיט אַ געוויין אויפן שול-הויף...

— וואָס איז, קינדער?...— האָט מען זיי געפרעגט...

—דעם פּריסטאַווס שגץ...-האָט איין יינגל אויסגעכליפּעט...

— ווו זיינט איר געווען?...

— אויף די הויכע בערג...

— נו?...

— נו...האָט דעם פּריסטאַווס שגץ אָנגערייצט די הינט אויף אונז...

אַן עלטערער ייד האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס-זשע לויפט איר אויף די הויכע בערג?... און אַז ניט קיין הינט און ניט קיין שגץ דאַרף מען דען לויפן אַ הין...שפּילט אייך דאָ אויפן שול-הויף...

פון דאַמאָלס אָן שפּילן זיך די קינדער שבת אויפן שול-הויף, די עלטערע שלאָפן אָדער זיצן אויף די גאַניקעס, און ס'דאַכט זיך, אַז דאָס שטעטעלע פייערט זיין שבת ווי געוויינלעך; אין דער שטיל אָבער בענקט יעדער נאָך די הויכע בערג, פון וועלכע מ'האָט זיי פאַרטריבן...

פאַרלאַג „קולטור־ליגע" וואַרשע.

# שול־ביבליאָטעק

## ערשטע סעריע
## אָריגינעלע ווערק:

1. מענדעלי מו"ס . . דאָס קעלבל.
2. שלום עליכם . . דאָס מעסערל.
3. י. ל. פרץ . . . קינדער־לידער.
4. ש. פרוג . . . . דאָס שטייסל.
5. מ. ז. פייערבערג . ביינאַכט.
6. ח. נ. ביאַליק . . נח און מאַרינקע.
7. ש. אַש . . . . יאָסעלע.
8. אַ. רייזין . . . די פאַבריק. דער בוים.
9. מ. סטאַווסקי . . לבן הארמי.
10. א. ראובני . . . קינדער.

---

## צווייטע סעריע
## איבערזעצונגען.